# דער
# בלינדער עדות

א איטער עסאנטער

## ראמאן

פון

## חש״ק.

# ווילנא

דרוק פאן יצחק ליב קאצינעלינבויגען.
שנת: תרע״ד לפ״ק.

# אַמֶעריקאַנישֶׁע לִיבֶּע.

אִין דֶעם פָאריגֶען זוּמֶער הָאט אַיין קְרִימִינאַל פְּרָאצֶעס אִין נָארְד אַמֶעריקָא · בֶּעזָאנְדֶערְס אִין נַייא אָרְלֶעאַנְס גְרוֹיסֶע אוֹיף זֶעהֶען גִימַאכְט · דִיא וִויכְטִיגְסְטֶע הַאנְדֶעלְס אִינְטֶערֶעסֶין הָאט מֶען אוֹיף אַגֶעווִיסֶע צַייט אָן אַזַייט גִילֵייגְט · דִי הַאנְדֶעלְס לַייט הָאבִּין דֶעם קוּרְס פוּן בַּאוּוֹיל פַאר גֶעסִין אוּנ דִיא גַאזֶעטִין פוּן לוּאִיזִיאַנַא הָאבִּין טָאג אוּנ נַאכְט נוּר פוּן דִיזֶען פְּרָאצֶעס גִישְׁפְּרָאכִין · אוּנ מֶען אִיז אַזוֹיא שְׁטַארְק אִינְטֶערֶעסִירְט גִיוֶוען צוּ ווִיסִין דֶעם סוֹף דֶער פוּן · דָאס דֶער רֶעדַאקְטֶער פוּן אַגֶעווִיסֶע צַייטוּנְג אִין דֶער שְׁטָאט פִילַאדֶעלְפִיַא הָאט אוֹיף אֵייגֶענֶע קָאסְטִין אַיין דַאמְפְּף שִׁיף גִיהַאלְטִין אוּנ דִי הַאפְּרָאסִין מִיט צְוַואנְצִיג מִינוּט נוּר פְרִיעֶר צוּ מֶעלְדִין זַיינֶע לֶעזֶערְס דִיא אַלֶע אַנְדֶערֶע צַייטוּנְגֶען אִין יֶענֶער שְׁטָאט:

עֶבֶּענֶעצֶער קְנָאקְס אִיז גִיוֶוען אַיין פוּפְצִיג יָארִיגֶער מַאן אוּנ אִיז נָאךְ גִיוֶוען אַבָּחוּר · עֶר אִיז גִיוֶוען רַייךְ אוּנ קַארְג · אָבֶּער עֶר אִיז גִיוֶוען הֶעסְלִיךְ אוֹיפִין גִיזִיכְט · עֶר הָאט גִיוואוֹינְט אִין אַקְלֵיינֶע שְׁטָאט וָואס מֶען הָאט אִיר גִירוּפִין שְׁטַאמְוָוארְטֶה נָאהֶענְט פוּן דִי גְרוֹיסֶע שְׁטָאט נַייא אָרְלֶעאַנְס · עֶר פְלֶעגְט זַייעֶר זֶעלְטִין פַאר לָאזִין זַיין וואוֹינוּנְג וָואס אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען אִין אֵיין צִימֶער · אוּנ הָאט גִיהַאט נָאר אֵיין פֶענְסְטֶער וֶועלְכֶער אִיז גִיוֶוען גִיטְרֶענְט פוּן אַיין נַאכְבַּאר הוֹיז נָאר דוּרְךְ אַיין שְׁמָאל ין הוֹיף

דיזי

דֶער רִינְקֶען זַייט אַפִּי קַאנְט וֶועג · אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר

דִיזֶע הויז אִיז גְשְׁטַאנֶען אַלַאנְגֶע צַייט פּוּסְט וָואס דָאס אִיז דֶעם קְנָאקְס זֵייעֶר גִיפֶּעלִיג גִיוֶועזֶען אָבֶּער צווא זַיין גְרֶעסְטֶען פֶּערְדְרוּס אִיז דִיא אֵיינְזַאמְקַייט אַגֶעוִויסֶען טָאג בֶּעלֶעבְּט גִיוָוארִין׃ הַייטֶערֶער אוּנ מוּנְטֶערֶער גִיזַאנְג הָאט זִיךְ פוּן דַאנֶען אִין זַיין צִימֶער גִיהֶערְט׃ אוּנ אַפָּאר פַייֶערְדִיגֶע שְׁוַוארְצֶע אויגִין הָאבִּין דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער אַנְטְקֶעגִין גִילוֹיכְטִין׃

דִיזֶע בֵּיידֶע שְׁוַוארְצֶע אויגִין הָאבִּין גִיהֵייסִין לוּצִיא הֶערְבֶּערְט׃ זִיא אִיז גִיוֶועזֶען אַגִיוִירְץ קְרֶעמֶערְס טָאכְטֶער וֶועלְכֶער עֶס אִיז דָא אִין הויז אַרַיין וואוינֶען. זִיא אָבֶּער אִיז גִיוֶועזֶען אַפּוּצְמַאכֶערִין אוּנ פְּלֶעגְט זֵייעֶר פְלַייסִיג טָאן אִיהְר אַרְבַּייט פַאר דֶעם פֶּענְצְטֶער וָואס אִיז גְרַאדֶע אַנְטְקֶעגִין קְנָאקְס פֶּענְסְטֶער וֶועלְכֶער הָאט דָאס נִיט גִילִיטִין אִין אָנְפַאנְג׃ אָבֶּער לְסוֹף הָאט עֶר זִיךְ אִין אִיר זֵייעֶר שְׁרֶעקְלִיךְ אַיין גִילִיבְּט׃ אָבֶּער עֶר הָאט קֵיינֶעם דֶער פוּן נִיט פֶּערְטְרוֹיט׃ לוּצִיא אִיז וִוירְקְלִיךְ גִיוֶועזֶען זֵייעֶר שֵׁיין׃ נִיט אַזוֹיא דֶער אַלְטֶער קְנָאקְס׃ זָאנְדֶערְין פִיל יוּנְגֶע לַייט פוּן רַייכִין שְׁטַאנְד הָאבִּין זִיךְ אויךְ אִין אִיר גִילִיבְּט׃ אָבֶּער אִיר שְׁטָאלְץ אִיז גִיוֶועזֶען זֵייעֶר גְרוֹיס אוּנ פְלֶעגְט קֵיינֶעם פוּן זֵייא נִיט לִיבִּין׃ אַיין מָאנַאט שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ קְנָאקְס אִיבֶּער צַייגְט׃ דָאס עֶר הָאט אַצְווֵייטֶע נַאכְבַּארִין בַּאקוּמֶען׃ דֶען לוּצִיס שְׁוֶועסְטֶער וָואס אִיז אַגְרוֹיסֶע צַייט נִיט גִיוֶועזֶען בַּייא אִיהְרֶע עֶלְטֶערִין׃ אִיז אִיצְט אַהֵיים גִיקוּמֶען אַלְס זֵייא הָאבִּין דִיא הויז אָפּ גִידוּנְגֶען זִיא הָאט גִיהֵייסִין סָאפִיֶע אוּנ אִיז עֶלְטֶער פַאר אִיהְר שְׁוֶועסְטֶער לוּצִיא מִיט דְרַייא יָאר אָבֶּער נִיט אַזוֹי שֵׁיין וִויא לוּצִיא׃ אוּנ דַאפִיר אָבֶּער אִיז זִיא גִיוֶועזֶען קְלִיגֶער וִויא זִיא אוּנ הָאט גִיהַאט אַיין גִיזֶעצְטִין כַארַאקְטֶער אוּנ

אַפֶּעסְטִין ווילֶען · לוּציא פְּלֶעגְט זיךְ אָפְט אַיין שְׁפַּאס מַאכִין מִיט דָאס · וואס זיא פְּלֶעגְט מִיט קְנָאקְס אַיין רַאטְהֶה הַאלְטִין איבֶּער פּוּסְטֶע זַאכִין · זָא צוּם בַּייא שְׁפִּיל הָאט זיא אִים אָפְט גִיפְּרֶעגְט אויבּ דֶער שְׁנִיט פוּן דִיא בַּאלְקְלֵייד איז גוּט · אָדֶער אויבּ דִיא פָאַרְמֶע פוּן דִיא הוּט איז שֵׁיין אוּנ דֶער גְלַייכִין · אוּנ וַוייל עֶר אִיז אִין איר גִיוֶועֶן פֶערְלִיבְּט הָאט עֶר נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אַז זיא מַאכְט פוּן אִים גִילֶעכְטֶער · אוּנ פְּלֶעגְט דְרוּם איר מִיט עֶרִינְסְט עֶנְטְפֶערִין נָאךְ זַיינֶער מֵיינוּנְג · אָבֶּער עֶר פְּלֶעגְט דֶער בַּייא זיךְ שְׁוֶוער אָפּ זִיפְצִין · אוּנ דַארוּם פְּלֶעגְט עֶר זיךְ זוּכִין מִיטִיל אוּם איר צוּ זַיין גִיפֶעלִיג · אָבֶּער דִיזֶע גִיפֶעלִיגְקַייטִין הָאבִּין אִים וֵוייניג נוּצִיז גִיבְּרַאכְט · דֶען עֶר פְּלֶעגְט לוּצִין נָאךְ הֶעסְלִיכֶער אוּנ לֶעכֶערְלִיכֶער אוּים וַוייזִין וִויא פְרֶיעֶר · אוּנ זיא הָאט מִיט אִים גִיטְרִיבִּין איר שְׁפִּיל וִויא דִי קַאץ מִיט דִיא מויז :

קְנָאקְס הָאט גִיגְלוֹיבְּט אַז עֶר אִיז שוין נָאהֶענְט פוּן זַיין גֶעוִוינְשְׁטִין צִיל · אָבֶּער אֵיינֶע אוּנְטֶער רֵיידוּנְג צְווִישֶׁען בֵּיידֶע שְׁוֶועסְטֶער וֶועלְכֶע עֶר הָאט גִיהֶערְט הָאט אִיהם בַּאוִויזִין אַז עֶר אִיז אִין אִירְטוּם עֶר הָאט שוין גִיוֶועלְט אַזויא נָאר אִיר עֶרְקְלֶערִין פוּן זַיין לִיבֶּע צוּא אִיר · אוּנ אִיר בֶּעטִין דָאס זיא זָאל אִין דֶעם אַיין ווילִיגִין · עֶר הָאט גִיפִילְט דָאס עֶר אָן אִיר קֶען נִיט לֶעבִּין · דֶערִיבֶּער אִיז עֶר גִיוֶועֶן אוּיסֶער זיךְ פוּן צָארִין אוּנ פוּן שְׁמֶערְץ אַלְס עֶר דִיא שְׁפָּאטֶערַייא הָאט גִיהֶערְט וֶועלְכֶע דִיא מָאדִיסְטְקֶע הָאט אִיבֶּער אִים גֶעפִּירְט · אוּנ אוּיסֶער דֶעם פוּן זַיין גִיהָארְכְטִין אוּנְטֶער רֵיידוּנְג הָאט עֶר זיךְ אִיבֶּער־צֵייגְט דָאס אַלֶע זַיינֶע הָאפְנוּנְג וֶועט בַּאלְד אַיין עֶנדֶע

דֶער לִינְקֶען זַייט אַפִּי קַאנְט וֶוערֶען · אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר

זִיא װֶעט הֵײַראַטִין מִיט אַײן גֶעװִיסִין יוּנְגֶען מַאן אִיר
אוֹים עֶרְװֶײלְטֶער חָתָן, עֶר אִיז גִיוֶוען אַײן הוּטִין פַאבְּרִיקַאנְט
אִין שְׁטַאמְוָוארְטָה אַײן רַײכֶער אוּנ אַײן אָרְנְטְלִיכֶער מַאן
עֶר הָאט גִיהֵייסִין יאמֶעס גֶעוְוזָאן. אוּנ לוּצִים עֶלְטֶערִין
זַײנֶען מִיט דֶעם שִׁידוּךְ הֶעכְסְט צוּ פְרִידִין גִיוֶועז דָאס
זִיא הָאט זִיךְ אַזוֹיא אַגְלִיקְלִיכֶע פַארְטִיא אוֹיס גִיקְלִיבִּין ׳
זִיא הָאט אוֹיף אִים אַײן שְׁטַארְקִין אַײנְדְרוּק גִימַאכְט פוּן
לֵיינְגֶער אוּנ לוּצִיא הָאט זִיךְ מִיט אִים אִין קוּרְצִין פַאר
לָאבְּט ׳ אַלְס קְנָאקְס הָאט דָאס דֶער הֶערְט אִיז עֶר גִיוֶועז
אִין פַאר צְוֶוייפְלוּנְג אוּנ לוּצִיא הָאט נָאךְ אַלֵין מִיט אִים
אִיר שְׁפִּיל גִיטְרִיבִּין ׳ אַײן פְרִיא מָארְגִין הָאט עֶר גִיהֶערְט
אַז לוּצִיא הָאט זִיךְ גִיקְרִיגְט מִיט אִיר בְּרוּיטִיגַאם ׳ זִיא
הָאט גִיוֶועלְט גֵיין אִין דָארְטְוִויךְ וַוייל דָארְטִין אִיז גִיוֶוען
אַגְרוֹיסֶער מַארְק אוּנ אוֹיךְ אַבַּאל אוּנ אַנְדֶערֶע בֶּעלוּסְטִיגוּנְג ׳
אוּנ אִיר חָתָן הָאט אִיר גִיזָאגְט אַז עֶר קֶען אִיר אַהִין
נִיט בֶּעגְלֵייטִין ׳ וַוייל עֶר הָאט עֶרְהַאלְטִין נַאכְרִיכְט דָאס
זַיין בְּרוּדֶער אִיז פְּלוּצְלוּנְג קְרַאנְק גִיוָוארִין גִיפֶערְלִיךְ
אוּנ עֶר מוּז זִיךְ אַיילִין אִים צוּ בֶּעזוּכִין ׳ אוּנ הָאט גִיבֶּעטִין
אַז זִיא זָאל אַהִין אָן אִים נִיט גֵיין אוֹיף קֵיין פַאל:

אִיךְ הָאבּ מִיר אֵיין מָאל אִין מַיין קָאפּ גִיזֶעצְט נָאךְ
דָארְטְוִויךְ צוּא גֵיין ׳ הָאט לוּצִיא אִיהְר חָתָן אֵיינְגֶעגְנִיגְט
גִיעֶנְטְפֶערְט ׳ אַזוֹ מוּז אִיךְ דָארְטִין גֵיין מִיט דִיר אָדֶער
אָן דִיר דָאס אִיז מִיר גַאנְץ גְלַייךְ ׳ יַאמֶעס אִיז אַוֶועק פוּן
אִיר אִין גְרוֹיס פֶּערְדְרוּס ׳ אוּנ לוּצִיא הָאט זִיךְ צוּרֶעכְט
גִימַאכְט אוֹיף דֶער רַייזֶע ׳ זָאפִיע אִיר שְׁוֶועסְטֶער הָאט
אִיר אָפּ גִירֶעט דֶער פוּן ׳ אוּנ דַאס זִיא זָאל פָאלְגִין אִיר
חָתָן ׳ אָבֶּער עֶס אִיז אִיר דָאס נִיט גִילוּנְגֶען. בְּלַייבּ אִין

פּיין הַארְץ זָאגְט מִיר אַז דִיר וֶועט אוּנְטֶער וֶועגִנְס אַיין אוּמְגְלִיק טְרֶעפִין:

זַייא נִיט קֵיין נַאר זָאפְיֶע הָאט לוּצִיא מִיט גִילֶעכְטֶער אָפּ גֶעֶנְטְפֶערְט אִיר מִיךְ צִיט דָארְטִין צוּ גֵיין · וַוייל מַיין קֶוזִינֶע הָאט מִיךְ שְׁטַארְק גִיבֶּעטִין אַהִין צוּ קוּמֶעז וַוייל זִיא וִויל מִיר אֵיין מָאל פִיר אַלֶע מָאל פֶערְגֶעגִינֶען מַאכִין · אָבֶער דַיין חָתָן וֶועט רֶעכְט הָאבִין אוֹיף דִיר צָארְנִיג צוּ זַיין אִיךְ הֶעל אִים שׁוֹין צְווִינְגֶען · דָאס עֶר זָאל מִיר אוּם פֶערְצַייהוּנְג בֶּעטִין · אוֹיךְ וִויל אִיךְ אִים דֶער מִיט וַוייזִין · דָאס אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַיין אֵייגִינֶעם ווִילִין · דֶען אִיךְ זָאל שׁוֹין וֶוערִין אַשְׁקְלַאפִין פַאר דֶער הָאכְצַייט וָואס וֶועט מִיט מִיר נַאכְהֶער זַיין ? וֶוען אַזוֹא וָואלְט אִיךְ גִיקֶענְט אוֹיךְ דֶעם קְנָאקְס · דֶעם אַלְטִין קְרֶעכְצֶעדִיקִין וַוארָאנֶע אוֹיךְ הֵייַראטִין · אוּנ מִיט דִיזֶע וֶוערְטֶער אִיז זִיא אַרוֹיס פוּן הוֹיז אוּנ אִיז אַוֶועק קֵיין דָארְטְוִויךְ מִיט גְרוֹיס צוֹא פְרִידֶענְהַייט · קְנָאקְס אִיז גִיזֶעסִין אֵיינִיגֶע שְׁטוּנְדִין וִויא אַיין דוּנֶער הָאט אִים צוּא שְׁלָאגִין · נַאכְהֶער הָאט עֶר זִיךְ בֶּעטְרַאכְט אוּנ אִיז הַאסְטִיג אַרוֹיס פוּן שְׁטוּבּ אוּנ אִיז אַרוֹיס פוּן שְׁטָאט דוּרְךְ הִינְטֶער גֶעסְלִיךְ אוּנ אִיז גִיקוּמֶען אוֹיף אַפְרַייֶע פֶעלְד. אוּנ פוּן דַאנֶען אִיז עֶר אוּם גִינַאנְגֶען מִיט זַייטִיגֶע וֶועגֶעלַאךְ בִּיז עֶר אִיז גִיקוּמֶען בִּיז זוּן אוּנְטֶער גַאנְג צוּם וֶועג וָואס גֵייט פוּן דִי שְׁטָאט שְׁטַאמְוָוארְטֶה קֵיין דָארְטְוִויךְ · אִין דֶעם אָרְט אִיז אִין רֶעכְטֶער זַייט אַיין וַואלְד · אוּנ אִין לִינְקֶער זַייט אַיין דִיֶער טִיפֶער טָאל · אוּנ אִין אִים גֵייט אַטִיפֶער טַייךְ מִיט אַגְרוֹיסִין שְׁטְרָאם · אוּנ אוּם עֶס זָאל דָא קֵיין אוּמְגְלִיק טְרֶעפִין פִיר רַייזֶענְדֶער אִיז אַרַיין גִישְׁטֶעלְט פְּלֶעקֶער אִין דֶער לִינְקֶען זַייט אַפִּי קַאנְט וֶועג · אוּנ אַזוֹי הָאט עֶר

זיך בעהאלטין אין וואלד לעבין וועג אונ האט גיהארכט
אויף לוציס קומען · ער האט פעראכטעט זיין לעבין אונ
האט זיך גיוועלט אראפ ווארפין אין טייך נאר ער האט
זיך בעדאכט דאס ער זאל אפ ווארטין צוא זעהן וואס
דער סוף וועט זיין אז ער וועט זיך דא זעהן מיט לוצין ·
אין דעם האט ער דער הערט איין קול אונ האט באלד
דער קענט לוציס שטים. אונ איר חתן · זייא האבין זיך
ביידע אויך איצט גיקריגט · דיין שוועסטער זאפיע איז
ווירקליך קלוג דאס זיא נעמט ניט קיין טייל פון אזעלכע
פערגניגונגען וויא דוא · האט יאמעס גענוואזאן צו זיין כלה
גיזאגט · איך שווער דאס זיא וואלט פיר קיין פרייז אין
דער וועלט זיך ניט מיסין אין אזעלכע גיזעלשאפטין וויא
דוא · אונ ווען מיין שוועסטער גיפעלט דיר בעסער וויא
איך · האט זיך לוציא צו אים אפ גירופין מיט צארין אזוי
זאלסטו איר · אבער ניט מיר הייראטין · עס וואלט מיר
קריינקען · דאס איך זאל אין דעם אייך ביידין הינדערין:
ווען עס וואלט נאר ניט גיוועזן שוין צו שפעט · אזוי
וואלט איך דיין ראטה ווירקליך אן נעמען האט גענוואזאן
איר גיענטפערט · עס איז נאך גאר ניט צו שפעט העט
גענוואזאן האט לוציא אים מיט פעראכטונג אפ גיענטפערט
דען מיר זיינען נאך ביידע פרייא · ווייל עס איז דאך
בייא אונז נאך פאר דער האכצייט · עס פרייט מיך זייער
דאס איך האב גילעגענהייט אייך צוא קענען וואס פאר
אמענטש איר זייט ווייל ביז אהער האב איך אייך נאך
נאר ניט גוט גיקענט · אונ אזויא קענען מיר ביידע זייער
לייכט צוריק טרעטין אונ דאס איינציגע וואס איך פון
אייך נאך איצט פערלאנג איז דאס איר זאלט מיר פאר
שווייגען מיט אייער גיזעלשאפט אונ איר זאלט גיין אין

דעם

דְעם אויגִין בְּלִיק אַהֵיים אוּנ מִיר זַייֶנֶען אוּים בֵּיידֶע כַּלָּה אוּנ חָתָן · גְרַאדֶע אִין דֶעם אויגִין בְּלִיק קֶען אִיךְ אַייךְ נִיט גִיהָארְזַאם זַיין הָאט אִיר גֶעוְוֶזָאן גִיעֶנְטְפֶערְט וַוייל אִיךְ פִירְכְטֶע צוּ לָאזִין אַייךְ אַלֵיין גֵיין אִין דֶער נַאכְט אוּנ דוּרךְ דֶעם וַואלְד · אָבֶער אִיךְ בֶּעט אַייךְ זַייֶער דָאס אִיר זָאלְט מִיר גְלַייךְ פֶערְלָאזִין הָאט זִיךְ לוּצִיא צוּ אִים אָפּ גִירוּפִין דֶען אַייֶער גִיזֶעלְשַׁאפְט אִיז מִיר זַייֶער קְרֵיינְקְלִיךְ אוּנ הֶעסְלִיךְ · אוּנ אַייֶער בֶּעזוּךְ בַּייא מַיין קוּזִינֶע וֶועט נָאר אִיר קְרֵיינְקוּנְג מַאכִין · אוּנ נִיט קֵיין פֶערְגֶענִינֶען · אִיר הָאט וִוילְהֶעלְים נִיט גִילָאזִין דָאס עֶר זָאל מִיר בֶּעגְלֵייטִין וִויא עֶר הָאט מִיר עֶס אָן גִיבָּאטִין אוּנ אִיר הָאט זִיךְ מִיר אוּיף גִידְרוּנְגֶען · וָואלְט אִיר אִים בֶּעסֶער פֶערְלַאנְגְט אַלְם מִיךְ הָאט אִיר גֶעוְוֶזָאן גִיפְּרֶענְט מִיט גְרוֹים פֶערְדְרוּס · גֶעוִוים · אִיךְ וָואלְט יֶעדִין אַנְדֶערִין זִיךְ לָאזִין בֶּעגְלֵייטִין · אָבֶער שׁוֹין נִיט מֶער פוּן אַייךְ אוּנ וֶוען אִיר וֶועט מִיךְ אוּיף דֶער שְׁטֶעל נִיט פֶערְלָאזִין · אַזוֹיא קֶער אִיךְ זִיךְ שׁוֹין גְלַייךְ צוּרִיק אַהֵיים · גֶעוְוֶזָאן הָאט נָאךְ אַלְץ נִיט גִיוֶועלְט דִי אֵייגֶענְזִינִיגֶע פַּאר לָאזִין עֶר הָאט גִיוָואלְט אִיר בֶּעגְלֵייטִין בִּיז אִיר וואוֹנוּנְג אִין דֶען אוּיף אִימֶער אִיר לֶעבֶּע וָואהְל צוּ זָאגִין · אָבֶער אַזוֹיא הָאט אִים דַאפִּיר פִּיל גִיזִידֶעלְט · הָאט עֶר אִיר דָאךְ פֶערְלָאזִין · קְנָאקְס הָאט יֶעדִין וָוארְט גִיהֶערְט וָואס זַייא בֵּיידֶע הָאבִּין גִירֶעט אוּנ הָאט אָפּ גִיוַוארְט בִּיז גֶעוְוֶזָאן הָאט זִיךְ אַטְּטֶע שְׁטְרֶעקֶע פוּן דַאנֶען עֶרְוַוייטֶערְט · אוּנ נָאכְהֶער אִיז עֶר אַרוֹיס פוּן וַואלְד אוּנ הָאט לוּצִין אוּנְטֶער גֶעיָאגְט וֶועלְכֶע אִיז גִיגַאנְגֶען זִינְגֶענְדִיג אִיר וֶועג גַאנְץ פְרֵייליךְ · וִויא זִיא הָאט גִיהֶערְט הִינְטֶער זִיךְ טְרִיט הָאט זִיא זִיךְ אוּם גִיקֶערְט · אוּנ הַאט דֶעם קְנַאקְס דֶער זֶעהְן ·

אִיר הָאט זִיךְ נִיט גִירִיכְט · הָאט עֶר אִיר גִיזָאגְט אַז דֶער אַלְטֶער קְרֶעכְצֶענְדִיגֶער וַוארָאנֶע זָאל אַייךְ דִיזִין אָוֶוענְד בֶּעגְלֵייטִין · זַיין אוּנ פֶּערְהָאפְּטֶע עֶרְשַׁיינֶען אוּנ זַיין רוּיהֶע שְׁטִים · אוּנ זַיין שְׁרֶעקְלִיכֶע אוֹיס זֶעהְן הָאט אִיר דֶער שְׁרָאקִין · זִיא הָאט אַיין שְׁרֶעקְלִיכִין גִישְׁרַייא גִיגֶעבִּין · נָאר זִיא הָאט זִיךְ בַּאלְד גִיפַּאסְט מוּטְה · אוּנ הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט: גִילַאסִין · עֶס פְרֵייט אִימֶער מִיר אַייךְ צוּ זֶעהְן הֶער קְנָאקְס · חַייל אִיךְ הַאלְט אַייךְ פַאר אַגוּטִין פְרַיינְד · דוּא זָאגְסְט לִיגִין · שְׁלַאנְג ! הָאט עֶר אִיר גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט צָארִין · דוּ שְׁפָּאסְט אַלֶע מָאל פוּן מִיר. אוּנ דוּ מֵיינְסְט אַז אִיךְ פַּאסְט גָאר נִיט פַאר דִיר · אוּנ אִיךְ וָואלְט פַאר דִיר אַלְץ וָואס אִיךְ הָאבּ אָפְּפֶערִין · זָאגַאר מַיין רֶעלִיגְיָאן וָואס אִיז דִיא בֶּעסְטֶע פוּן אַלֶע רֶעלִיגְיָאנֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט · דֶען אִיךְ גִיהֶער צוּ דֶען עֶרְוֵוילְטִין רֶעלִיגְיָאנֶען:

אַזוֹיא עֶטְוָואס אִיז מִיר קֵיין מָאל אִין מַיין זִינֶען גִיקוּמֶען הָאט לוּצִיא אִים צוּ שְׁרָאקִינֶערְהֵייד גִיעֶנְטְפֶערְט · אִיךְ אַכְטֶע אַייךְ זִיכֶר אִיךְ קֶען אַייךְ · שְׁווַייג דוּ פַאלְשֶׁע · הָאט אִיר קְנָאקְס מִיט בֵּייז גִיעֶנְטְפֶערְט · אִיךְ הָאבּ דִיר זֵייעֶר צוּא גֶעלִיבְּט · (אִיךְ הָאבּ דִיךְ אִין אֵיין ווִינְקִיל פוּן מַיין הַארְצִין גִישְׁטֶעלְט ווִיא דֶעם גֶעץ פוּן דִי מָאהַבִּיטֶער) אוּנ הָאבּ דִיר אָפְּפֶער גִיבְּרַאכְט · וֶועלְכֶע דֶעם גָאט פוּן יַעֲקֹב פַּאסְט · אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מַיינֶע נַארִישְׁקֵייט צוּא שְׁפֶּעט אַרוּם גִיזֶעהְן אוּנ עֶס הָאט מִיר זֵייעֶר טַייעֶר גִיקָאסְט דוּ הָאסְט צוּ גִיטְרָאטִין צוּ מִיר מִיט דֶעם צָארִין פוּן אַלֵייבּ · אוּנ מִיט דִיא פַאלְשְׁקֵייט פוּן אַשְׁלַאנְג · אוּנ דוּ הָאסְט מִיר גִיטְרָאטִין מִיט דִיא פִים אַזוֹיא ווִיא דֶער טֶעפֶּער טְרֶעט לֵיים · אִיךְ בֶּעט אַייךְ הֶער קְנָאקְס אִיר זָאלְט מִיךְ נִיט לֵיינֶער אוֹיף הַאלְטִין · אוּנ לָאזְט-מִיר

גֵיין מַיין װֶעג הָאט אִים לוּצִיא גִיזָאגְט צָארְנְדִיג. עֶס אִיז שוֹין שְׁפֶּעט אוּנ אִיךְ הָאבּ צוּא גֵיין נָאךְ אַגוּטֶע שְׁטִיק װֶעג · אוּנ אִיר דַארְפְט אַזוֹיא נַארֶעשׁ נִיט זַיין צוּ גְלוֹיבּין אַז אִיךְ װֶעל מִיט אַייךְ הֵיירַאטִין · אוּנ אַלֶע אַייעֶרֶע רֵייד װֶעט נִישְׁט הֶעלְפִין דֶער צוּ מִיךְ הֵיירַאטִין ׃ יַא. עֶס אִיז גִיװֶען אַצַייט װָאס אִיךְ הָאבּ גִיגְלוֹיבְּט אַז אִיךְ װֶעל דִיךְ גֶעװִים הֵיירַאטִין · אָבֶּער אִיךְ בִּין גִיװֶען אַיין נַאר אַז אִיךְ הָאבּ גִיהַאט אַזוֹיא אַגִידַאנְקֶען · אִיךְ הָאבּ אַשְׁלַאנְג אִין מַיין בּוּזִים גִיהַאלְטִין אִינ עֶר הָאט מִיךְ גֶעבִּיסֶען אוּנ פַּאר װאוּנְדֶעט · אִיךְ הָאבּ מִיךְ אִין דִיר גֶעאִירְט אוּנ אִיךְ בִּין צוּ שַׁאנְדֶע גִיװָארִין · אָבֶּער דוּ הָאסְט שְׁטוּרֶעם גֶעזַייט אוּנ װֶעסְט אוּנְגֶעװִיטֶער שְׁנַיידִין · לוּצִיא װִיא זִיא הָאט גִיהֶערְט דִיא לֶעצְטֶע װֶערְטֶער פוּן קְנָאקְס הָאט זִיא אָן גִיהוֹיבִּין צוּ צִיטֶערִין פַּאר שְׁרֶעק דֶען זִיא הָאט גִיזֶעהְן אִיר לַאגֶע · דוּ װִילְסְט מַיין װַייבּ נִיט זַיין הָאט עֶר צוּא אִיר גִיזָאגְט מִיט אַשְׁרֶעקְלִיכֶע שְׁטִים · אַזוֹיא זָאלְסְטוּ אַיין אַנְדֶערִינְס װַייבּ אוֹיךְ נִיט װֶערִין · אִיךְ װֶעל זִיךְ אָן דִיר בַּאלְד נוֹקֵם זַיין װִיא דוּ הָאסְט פַּאר דִינְט · לוּצִיא הָאט אָן גִיהֵייבִּין צוּ װֵיינֶען אוּנ הָאט זִיךְ בַּייא אִים גִיבֶּעטִין אַז עֶר זָאל זִיךְ אוֹיף אִיר עֶרְבַּארִימֶען · אָבֶּער קְנָאקְס אִיז גִיבְּלִיבִּין טוֹיבּ פַּאר אִיר שְׁרַייעֶן אוּנ װֵיינֶען · אוּנ הָאט אִיר אַװָארְף גִיגֶעבִּין אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ הָאט אִיר מִיט אַיין הַאנְד גִיװָארְגִין אוּנ מִיט דִי אַנְדֶערֶע הַאנְד הָאט עֶר אִיר פַּאר שְׁטָאפְּט דִי מוֹיל מִיט אַפַּאצַיילְקֶע אַז זִיא זָאל נִיט קֶענֶען שְׁרַייעֶן אוּנ הָאט אִיר גְלַייךְ דֶער װָארְגִין · אוּנ דָאס הָאט נוּר אַלְץ גִידוֹיעֶרְט אֵיין מִינוּט · אוּנ װִיא עֶר הָאט דֶער זֶעהְן אַז זִיא אִיז טוֹיט הָאט עֶר אִיר גְלַייךְ אַװֶעק גִישְׁלֶעפְּט צוּם װַאסֶער צוּ · דֶער מֶערְדֶער אִיז זַייעֶר

צוּא

צו שראקין גיוואָרין אונ ער האט זיך ניט גיקענט מיישב זיין וויא ער זאל טאָן · ער הערט טריט פון אמענטשין דאָס קומט אימער נעהענטער צוא אים · קנאקס האט גיציטערט אז דער מענטש וועט אים געפינען וויא ער שלעפט דעם טויטין קערפער צום וואסער אונ דער מענטש וועט אים אויס געבין · דאָס האט אים גיגעבין קוראז אונ בעזיגונג . ער איז צו גיגאנגען צום ראנד פון וועג צו די לינקע זייט וואו די פלעקער זיינען אונ האט צווישין דורך גיוואָרפין דעם טויטין קערפער אין וואסער אונ האט אויך גיזעהן וויא ער איז פאר שוואונדין גיוואָרין אין וואסער · נאכהער איז ער אויפין מיטין וועג צוא גיגאנגען אונ האט זיך מיט דעם מענטשין באגעגינט · נאך דעם פרעמדין מענטשין איז אהונד נאך גילאָפין · איז דא גישעהן איין אומגליק ? האט דער פרעמדער גיפרעגט וויל איך האב גיהערט אז עס איז דא עפעס גיפאלין · קנאקס האט גלייך אפ גיחאפט דעם אָטעם וויל ער האט דער זעהן אז דער מענטש איז אבלינדער אויף ביידע אויגין · ער איז גיוועזן אבעטלער וואס איז גיגאנגען פון אירידא אונ ער איז גיגאנגען אהיים קיין שטאמוואָרטה · דא וואלט פאר קנאקס די בעסטע עצה גיוועזן · אז ער זאל דעם בלינדין גאר ניט ענטפערין אונ גיין זיין וועג · אבער הימעל אונ ערד האבין גישוואָרין אז עס זאל קיין פאר בארגענע זאכין ניט זיין · אונ דרום האט קנאקס זיך בעזינען אז עס איז גלייכער אים צו ענטפערין · אונ עפעס וואס דעם בלינדין אליגין זאגין וואס דער פאל איז גיוועזין · עס איז איין אלטער פאר פוילטער פלאקין גיוועזין אן דעם וואס איך האב זיך אן גישפארט אפ צו רוהען אונ ער האט זיך אויס גירייט פון דער ערד

אונ

אונ איז אריין גיפאלין אין וואסער · אונ עס איז אגליק אז איך בין אויך ניט אריין גיפאלין · איר האט אים אליין גימוזט אראפ ווארפין האט אים דער בלינדער גיענטפערט מיט גרויס גיוואלד · ווייל דער גערויש פון וואסער איז גיוועזן צו שטארק וויא איך האב גיהערט · איך קען שווערין אז עס האט גימוזט אריין פאלין אגרעסערע זאך וויא אפלאקין אונ איך גלויב אייך ניט · וויא קענט איר דען וויסין וויא גראב אונ וויא גרויס די פלעקער זיינען · האט קנאקס דעם בלינדין גיענטפערט מיט גרויס כעס · איר זייט דאך יא אויף ביידע אויגין בלינד · ווייל איך בין זייער בעקאנט אין דיזען וועג · איך בין וויפיל מאל דא גיגאנגען אז איך בין נאך ניט גיוועזן בלינד האט צוא אים דער בעטלער גיזאגט · אונ ווידער ווען מען קען מיט דיא הענט אן טאפין דארף מען דער צו די אויגין ניט · דער בלינדער האט מיט זיין שטעקין גיפירט איבער דיא פלעקער אונ האט גיפרובירט וויא וועיט עס גיפינט זיך איין פלאקין פון דעם אנדערין אפ גישטעלט :

נעמט אייך אין אכט האט קנאקס זיך אפ גירופין צום בלינדין מיט ערגערנים · איר וועט אריין פאלין אין וואסער · עס איז קיין גיפאר האט דער בלינדער גאנץ רוהיג גיענטפערט · עס איז וויא איך האב גימיינט · דען עס זיינען אלע פלעקער פאר האנדין · עס פעלט ניט קיין איינציגער · אונ ווען איך האב ניט קיין אויגין האב איך פאר שטאנד צו אונטער שיידין · פאר הייט פון פאלשקייט · אויך דער הונד האט שטארק גיבולין אויף קנאקס אונ האט דער מיט דעם בלינדין גיגעבין אצייכין אז דא האט עפעס ביי זיך גיטראפין · ער האט מיט

זַיין לַאפֶּע גִיחַאפְּט דֶעם בֶּעטְלֶערְס הַאנְד אוּנ הָאט אִים גֶעוִויזִין אַפִּין וַואסֶער אַרוּנְטֶער · קְנָאקְס הָאט מֶער פוּן דֶער זַאךְ נִיט גִיוָואלְט הֶערִין · עֶר הָאט יֶעצְט אַיין גִיזֶעהְן אַז עֶר הָאט נִיט קְלוּג גִיטָאן וָואס עֶר הָאט מִיט דֶעם בְּלִינְדִין גִירֶעט · אוּנ דְרוּם אִיז עֶר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען פוּן בֶּעטְלֶער אִין גְרוֹיס צַעַר אִיז עֶר אוּם גִילָאפִין אִיבֶּער פֶּעלְדֶער אוּנ וֶועלְדֶער וִויא אַמְשוּגֶענֶער · עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר אִין מִיטִין נַאכְט גִיקוּמֶען צוּא זִיךְ אַהֵיים אָבֶּער ,קִינֶער הָאט נִיט גִיוואוּסְט פוּן זַיין אַוֶועק גֵיין אוּנ קוּמֶען · אוֹיךְ הָאט אִים ,קִינֶער אוּנְטֶער דֶער וֶועגִינְס גִיזֶעהְן · לוּצִים עֶלְטֶערִין זַיינֶען נָאר נִיט אוּמְרוּהִיג אוּנ בֶּעזָארְגְט אִיבֶּער דֶעם וָואס זִיא אִיז נָאךְ פוּן דָארְטִין צוּרִיק נִיטָא · וַוייל זִייא הָאבִּין גִימֵיינְט אַז זִיא אִיז זֵייעֶר צוּ פְרִידִין מִיט דִי פֶּערְגֶענִיגֶען וָואס עֶס אִיז אִין דָארְטְווִיךְ · אוּנ אִיר קוּזִינֶע הַאלְט אִיר נָאךְ אָפּ בַּייא זִיךְ · אָבֶּער אִיר שְׁוֶועסְטֶער זָאפְיֶע אִיז גִיוָוארִין אוּם רוּהִיג · וַוייל אִיר הָאט גִיזָאגְט דָאס הַארְץ אַז עֶס הָאט זִיךְ עֶפֶּעס ,מִיט אִיר נִיט גוּט גִיטְרָאפִין · אוּנ וַוייל זִיא הָאט גִיוואוּסְט אַז נֶעוְוזָאן אִיז שׁוֹין צוּרִיק גִיגַאנְגֶען בֶּעפָאר עֶס הָאט אָן גִיהוֹיבִּין צוּ טָאגִין · אַזוֹיא אִיז זִיא אַוֶועק צוּא נֶעוְוזָאן אוּם פוּן אִים עֶטְוָואס צוּ עֶרְקוּנְדִיגִין זִיךְ אִיבֶּער לוּצִין · זִיא הָאט אִים אָבֶּער אִין דֶער הֵיים נִיט גִיפוּנֶען · אוּנ הָאט אָבֶּער גִיהֶערְט אַז עֶר אִיז שְׁפֶּעט אַהֵיים גִיקוּמֶען אוּנ אִיז גִיוֶוען אִין גְרוֹיס פֶּערְדְרוּס · אוּנ אִיז פַאר טָאג ווִידֶער אַוֶועק גִיגַאנְגֶען · זִיא אִיז גְלַייךְ ,קִיין דָארְטְווִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען · וַוייל זִיא הָאט גִימֵיינְט אִיר שְׁוֶועסְטֶער דָארְטִין צוּ גִיפִינֶען · אוּנְטֶער וֶועגִינְס הָאט זִיא פוּן וַוייטִין דֶער קֶענְט נֶעוְוזָאן · זִיא הָאט אִים גִירוּפִין אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אָפּ גִישְׁטֶעלְט אוּם צוּ

דָער חַארְטִין זָאפְּיֶיעֶן · וואו אִיז לוּצִיא ? הָאט זִיא אִים
גִיפְרֶעגְט · — אִיךְ וֵויים נִיט אָבֶּער מִיר זַיינֶען מֶער נִיט
חָתָן אוּנ כַּלָה · אָבֶּער וֶוען ? אוּנ וואו ? הָאט אִיר לוּצִין
פַּאר לָאזִין ? גֶעכְטִין אָווִינְד אוּנ בַּיין וַואסֶער פַּאל · הָאבִּין
מִיר זִיךְ שְׁטַארְק צוּ קְרִיגְט זִיא אִיז דָאךְ אַלֶע מָאל זֵייעֶר
אֵיינְגִינְזִינִיג · אַלְזָא הָאט זִיא זִיךְ פַּאר וָואלְט אַז אִיךְ זָאל
אִיר נִיט בֶּעגְלֵייטִין אוּנ גְלַייךְ גֵיין אַהֵיים · זִיא הָאט מִיךְ
אַזוֹיא שְׁטַארְק אַרַיין גִיבְּרַאכְט אִין כַּעס אַז אִיךְ הָאבּ
אִיר אַפִּין וֶועג גִילָאזִין אֵיינֶע אַלֵיין · אוּנ אִיךְ הָאבּ זִיךְ
אוּם גִיקֶערְט אַהֵיים · אוּנ אִיךְ הָאבּ זֵייעֶר פִיל גִיבְּלָאנְזֶעט ·
אִין דֶער פְרִיא הָאבּ אִיךְ מִיךְ בַּאזִינֶען אַז אִיךְ דַארְף אִיר
דָאךְ מוֹחֵל זַיין אוּנ אִיר אָפּ נֶעמֶען פוּן דָארְטְווִיךְ · מִיר
וֶועלִין אִיר בַּאלְד דָארְטִין גִיפִינֶען הָאט זָאפְּיֶיע צוּא אִים
גִיזָאגְט אוּנ אִיךְ וֶועל זִיךְ אוֹיף אִיר גוּט אָן בֵּייזֶערִין עֶם
וָואס זִיא אִיז קֶעגִין אַיין אֵיינְגֶענֶעם חָתָן נִיט אָרֶענְטְלִיךְ ·
זֵייא זַיינֶען בֵּיידֶע גִיגַאנְגֶען שְׁוַויינֶענְדִיג זֵייעֶר וֶועג בִּיז
זֵייא זַיינֶען גִיקוּמֶען קֵיין דָארְטְווִיךְ · אָבֶּער ווִיא גְרוֹים אִיז
גִיוֶוען זָאפְּיֶיעֶס שְׁרֶעק אַז זִיא הָאט גִיהֶערְט אַז לוּצִיא
אִיז דָארְטִין גָאר נִיט גִיוֶוען · אוּנ קֵיינֶער הָאט אִיר דָארְטִין
נִיט גִיזֶעהִין · זַיינֶען זֵייא גִיגַאנְגֶען צוּרִיק אַהֵיים · אוּנ זָאפְּיֶע
אִיז אַוֶועק צוּ אִירֶע עֶלְטֶערִין אוּנ מֶעלְדִין פוּן דֶער זַאךְ ·
אוּנ גְעווֶזָאן הָאט זִיךְ נָאךְ גִיפְרֶעגְט אִין דֶער שְׁטָאט וֶועגִין
לוּצִין · דִיזֶער פָארְפַאל אִיז בַּאלְד אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט
בֶּעקַאנְט גִיוָוארִין · קְנָאקְס הָאט גִיצִיטֶערְט ווִיא אַבְּלַאט
אִין אַגְרוֹיסִין שְׁטוּרֶעם · אַז עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז דִי גַאנְצֶע
שְׁטָאט בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ מִיט דֶעם זוּכִין לוּצִין אוּם אוּנ
אוּם · עֶר הָאט אָבֶּער גִיהָאפְט אַז מֶען וֶועט אִיר נִיט
גִיפִינֶען וַוייל עֶר הָאט גִיזֶעהְן אַז זִיא אִיז טִיעֶף אוֹיפִין

גרונד

גְרוּנְד אַרוּנְטֶער · קְנָאקְס אִיז גִיזֶעסִין בַּייא זִיךְ אִין צִימֶער אוּנ הָאט זִיךְ מְיַשֵׁב גִיוֶועזְן וִויא צוּ נַארִין דֶעם פּוּבְּלִיקוּם · אוּנ זֵייא זָאלִין לוּצִין נִיט מֶער זוּכִין · אָבֶּער מִיט אֵיין מָאל הָאט עֶר דֶער הֶערְט אַגְרוּיסִין לַארֶעם אַפִּין גַאס · הָאט עֶר אַקוּק גִיטָאן דוּרְכִין פֶּענְסְטֶער אוּנ הָאט גִיהֶערְט אַז פַּאסְטוּכֶער הָאבִּין לוּצִין גִיפוּנֶען אוּנ הָאבִּין אִיר אִין שְׁטָאט גִיבְּרַאכְט · אוּנ אַלֶע מֶענְטְשִׁין זַיינֶען צוּ זַאמֶען גִילָאפִין צוּ זֶעהִין דִי דֶער טְרוּנְקִינֶע לוּצִין · קְנָאקְס אִיז גִיבְּלִיבִּין אִין אוּנְמַאכְט פוּן שְׁרֶעק אוּנ פוּן אַנְגְּסְט · נָאךְ דֶעם אַז עֶר אִיז וִוידֶער צוּ זִיךְ גִיקוּמֶען הָאט מֶען בַּייא אִים אִין טִיר שְׁטַארְק גִיקְלַאפְּט · עֶר הָאט גִימֵיינְט אַז מֶען אִיז אִים גִיקוּמֶען צוּ אַרֶעסְטִירִין אוּנ הָאט גִיזוּכְט אַמִיטִיל וִויא צוּ אַנְטְלוֹיפִין עֶר הָאט אָבֶּער קֵיין מִיטֶעל נִיט גִיפוּנֶען · אַלְזָא הָאט עֶר זִיךְ בֶּעמִיהֶעט צוּא פַאר בְּרֵיינְגֶען זַיין אִינֶערְלִיכֶע אוּמְרוּהִ · אוּנ מֶען זָאל אוֹיף אִים דַאדוּרְךְ קֵיין חְשַׁד נִיט וַוארְפִין · אוּנ אַז עֶר אִיז גִיוָוארִין גַאנְץ רוּהִיג הָאט עֶר דִי טִיר אוֹיף גִיעֶפִינְט · אָבֶּער עֶר הָאט זִיךְ גָאר אוּם זִיסְט גִישְׁרָאקִין · דֶען מֶען אִיז נִיט גִיקוּמֶען אִים צוּא אַרֶעסְטִירִין · נוּר מֶען הָאט אִים אוֹיף גִיפָאדֶערְט אַז עֶר זָאל צוּא דִי צְוֶועלְף גִישְׁוָוארֶענֶע זַיין · וֶועלְכֶע נָאךְ דִיא אֵיינְגִילִישֶׁע אוּנ אַמֶערִיקַאנִישֶׁע גֶעזֶעצִין מוּז מֶען אַיין פְּרָאטַאקָאל מַאכִין וֶוען עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַיין פֶערְבְּרֶעךְ · אָדֶער אַיין אוּמְגְלִיקְסְפַאל · אָדֶער אַיין טָאדֶעס פַאל · דָאס אִיז אַיין קָארְמַאלִיטֶעט וָואס עֶס רוּפְט זִיךְ דָארְטִין מִיט דֶעם נָאמֶען „קָארֶענֶעס אִינְקְוֶועסְט" · דָאס הֵייסְט אַז פַאר זַאמְלֶען זִיךְ פוּן דִי צְוֶועלְף גִישְׁוָוארֶענֶע צוּ מַאכִין אַיין שְׁלֶעדְסְטְוָוא · עֶר אִיז וִוידֶער שִׁיר נִיט אִין אוּנְמַאכְט גִיפַאלִין · נוּר עֶר הָאט זִיךְ גִימַאטֶערְט צוּ וַוייזִין

זיך רוהיג קענן זייא · אונ זיי זאלין אויף אים ניט האבין קיין חשד · אבנוואהל אין אים האט געשטורעמט איין טויטליכע אונרוהה · לוצים טויט האט מען דער קענט · עס איז גיוועזן דורך דער ווארגין אבער דאס האט מען אויך איין גיזעהן אז דער מערדער האט איר גיטויט · ניט איר צו בערויבין · ווייל מען האט בייא איר גיפונען די אורינגלאך · אונ פינגערלאך · אויך אפארטעמינע מיט געלד וואס זיא האט מיט גינומען פון דער היים האט מען גיפונען אין גאנצין · פון דעם זעהט מען אז דער מערדער האט איר ערמארדעט פון שנאה אונ קנאה וועגין · אדער איבער ליבע · אונ ווער זאל דאס טאן ? דער חשד איז דרום גיפאלין אויף איר גיוועזענעם חתן יאמעס נעווזאן · דען ער האט מיט איר דיא וועג נאך דארטמונד גינאנגען אונ האט זיך מיט איר גיקריגט פארין גיין אין איר פאטערס הויז · אונ אויך האט ער אליין גיזאגט אז זיא האט אים אונטער דער וועגינס זייער שטארק בעליידיגט · דרום איז דאס צו גלויבין · אז ער איז גיווארין אויף איר שטארק אין צארין האט ער איר דער ווארגין · אונ אזויא איז גיבליבין בייא דעם גאנצין פובליקום אז נאר ער איז דער מערדער · אונ מען האט אויף אים אויס גישפראכין דעם פערדאמונגס אורטייל · נעוזאן איז גיווארין ארעסטירט אונ פאר גישטעלט פאר דעם געריכט צום דאפראס · אבער ער האט זייא ניט גיקענט גוט ערקלערין וואו אונ וויא · ער האט פאר בראכט די צייט פון דעם אויגין בליק אן · ווער ער האט זיך פון לוצין גיטרענט ביז אויף מארגין ווען ער האט זיך מיט זאפיען גיטראפין אויף די וועג קיין דארטמונד · אונ עס איז דאך קיין אנדערינס עדות ניט גיוועזן מיזר ניט וויא זיין אייגינע אונ נאה אזטלכע

שטאנען פון זיינע רייד׳ אויב שוין עס האט גידויערט פיתח שטונדין׳ ווייל ער האט די רייד גיפירט דורך איין פרעמדע שפראך וואס קנאקס האט דאס אויך ניט פאר שטאנען׳ ענדליך דיא צוועלף גישווארענע זיינען אריין גיגאנגען אין איין אנדערע זאל זיך צו בעזינען׳ אונ עטליכע פון זייא האבין גיזאגט אז זייא מאכין געוויזאנען ניט שולדיג׳ אבער וויא קנאקס האט גיזעהן אז אנדערע זיינען אין צווייפעל האט ער אן גיווענדעט אלע זיינע מיה צו דער ווייזין אז געוויזאן איז יא שולדיג׳ דען ער איז גיהען קליגער וויא דיא גישווארענע׳ אונ ווידער איז ער דאך אפרעזידענט וואס אלע מוזין אים הארכין׳ ענדליך האט ער אזויא ווייט גיבראכט׳ דאס רוב דעות האבין גיהאלטין מיט אים אונ מען האט געוויזאן ערקלערט פאר שולדיג׳ קנאקס איז אריין אין געריכטס זאל צוריק׳ דער זאקאן זאגט אז דער פרעזידענט מוז ארויס גיין אונ זאגין דעם שעף פון געריכטס זאל וויא באלד דיא גישווארענע איז גיבליבין׳ איין קאלטער שווייס האט פון זיין שטערין גיטריפט׳ אונ עס האט אים אלע גלידער געציטערט חאטשע ער האט זיך גימאטערט צו ווייזין זיך רוהיג׳ דען ער האט גיזעהן אז דער בלינדער איז דא׳ אלם ער האט ניט אויס גיזאגט דעם דעקרעט׳ האט אים דער שעף גיפרעגט׳ וויא איז דער דעקרעט? ווען עס וואלט זיך די ערד גיעפינט אונטער קנאקס וואלט ער בעסער אין איר אריין איידער צו זאגין דעם ווארט שולדיג׳ דען דער בלינדער וועט דאך זיין שטים דער הערין׳ אונ דאן איז ער פ״ר פאלין׳ אבער האט דאך גימוזט זאגין׳ אבער ער איז שיר אין חלשות ניט גיבליבין זאגענדיג דעם ווארט שולדיג״ וויא ער האט נאר אויס גירעדט דעם ווארט האט

דער בלינדער אנישט יא גיגעבין: ער איז דער מערדער ארעסטירט אים איך דער קען זיין שטים · יא איך וועל אים פון טויזינט שטימען דער קענען דען דאס איז דיא רויהע הייזעריגע שטים פון דעם מאן וואס איך האב מיט אים לעבין וואסער אין יענער נאכט גירעט · און וועלכע לוציא איז ערמארדעט גיווארין · און איך שווער ביא אלעם הייליגיי אז ער איז לוציס מערדער · און אז ער האט דאס גירעט האט אויך זיין הונד אן גיהייבין צוא בילין אויף רנאקס און איז אויף אים ארויף גישפרונגען און האט אים איין גיביסין · דאס אלע מענטשין האבין אן גיהייבין זייער שטארק צו שרייען · צוא לארימען · דאס קנאקס איז פון גרויס שרעק אין אונמאכט גיפאלין · נאך דעם אז מען האט אים אפ גימינטערט האט ער גיזאגט: גאטס האנד האט מיך גיטראפין · און איך בין אויף זיך מקבל זיין שטראף מען קען זיך ניט בעהאלטין פון אים · איך בין לוציס מערדער · איך האב איר דער ווארגין · און אריין גיווארפין אין וואסער · וויא דער פובליקום האט דאס דער הערט האבין זייא אים גישאלטין · געשימפט און פון אים גילאכט · דאס עס האט גאר קיין ענדע ניט גינומען · נאר ענדליך אז זייא האבין זיך זאט איבער אים אן גילאכט · האבין זייא אים אוועק גישלעפט אין גיפיינקינעס · ווייל ער האט דאך זיך אליין מודה גיוועזן · און מען דארף דאך ניט מאבין קיין שלעדסטוועס אז מען איז זיך מודה · און דאהער האט מען זיין פראצעס גישווינד גימאכט · און דער דעקרעט איז ארויס דאס מען זאל אים היינגען · און מען האט אים גיהאנגען · אין צווייא מאנאט שפעטער האט נעוותאן מיט סאפייען לוציס שוועסטער זיך פערהייראטעט:

ענדע

---